האָבען זיי געלאָזען פערברענען מיט גרויס צערעמאָניע און פּאראַד. דערביי איז עס אָבער ניט געבליבען. די שווארצע דאָמיניקאַנער האָבען זיך דערמיט ניט בעגנוגענט. דער עסק פון ברענען אידישע ספרים איז זיי געפעהלען געוואָרען, און אין פערציג טעג שפּעטער האָט מען אויף'ן זעלבען פּלאַץ געלאָזט פערברענען דעם תלמוד, צוועלף טויזענד בענדער. פיעלע פון די פרומע געגנער פון רמב"ם האָבען אין דעם געזעהן א שטראָף פון גאָט, און די מחלוקה איז אויף א צייט שטילער געוואָרען.

די אנהייננגער פון רמב"ם האָבען נאַטירליך ניט געשוויגען. זיי האָבען געזוכט צו בעווייזען פאר די קריסטליכע בעלי דעות, אז דער „מורה נבוכים" איז ניט קיין אפּיקורסישער בוך, און אז די בעשולדיגונג איז א מיאוסע מסירה. זיי האָבען אויסגעפיהרט דאָס זייעריגע, און די מוסרים זיינען בעשטראָפט געוואָרען, ווי עס איז דאמאָלס געווען דער מנהג, אז מען זאָל זיי אויסשניידען די צינגער. די ליעבהארציגע קריסטליכע מאָנאכען האָבען אויף אזא אופן געהאט א דאָפּעלטען נחת; אי אידישע ספרים פערברענט אי א פּאָר אידישע צינגער אויסגעשניטען...

וועגען דעם פערברענען פון דעם „מורה נבוכים" איז געבליבען א קורצער עפּיגראַם פון דעם ר מ ב " ם ' ס אנהייננגער:

מה בערו האומרים כי בערו<br>
דברי חמדות יקרו מזהב;<br>
אש אכלת המה, — ואיך אש תאכלם?

(די נארען, זיי מיינען אז זיי האָבען פערברענט די ווערטער וואָס זיינען טייערער ווי גאָלד. דאָס זיינען ווערטער פון ברענענדער פייער, — ווי קען זיי פייער פערברענען?)

* * *

דער רמב"ם האָט זיך שטענדיג בעטראַכט פאַר א שפּאַניער, כאָטש ער איז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען שפּאַניען, ווען ער איז נאָך געווען א יונגער אינגעל. ביז

זיין פאמע עלטער שרייבט ער זיך אונטער „משה הספרדי“, משה פון שפאניען. ער האט ליעב געהאט שפאניען און איז געוועזן שטאלץ אויף איהר, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער און זיין פאמיליע זיינען דארטען אזוי שלעכט בעהאנדעלט געווארען.

ער איז געוועזן דער לעצטער, אויב ניט דער גרעסטער, פון די גאונים וואס דאס שפאנישע יודענטום האט פון זיך ארויסגעגעבען אין זיין גלאנץ עפאכע. מיט איהם איז יענע גלאנץ-עפאכע געשלאסען ווערען.



